י. ב. צפור.

# נחת פון קינדער

קינדער-שפיל אין צוויי בילדער

י. ב. צפור

# נחת פון קינדער

קינדער-שפיל אין צוויי בילדער.




ווארשא, 1922.

י. ב. צפּור

# נחת פֿון קינדער

קינדער-שפּיל אין צוויי בילדער.




ווארשע, 1922.

# אָנטײלנעמער:

נחום טאָפּאַז, אַ סוחר דרײַסיק יאָר אַלט
מירל, זײַן פֿרוי פֿיר און צוואַנציק יאָר
באַלטשע, זײער טאָכטער, זעקס יאָר
מרימל, פֿופֿצן יאָר } קוזינקעס
שרהלע, פֿערצן יאָר } קוזינקעס
שלומהלע, פֿופֿצן יאָר } קוזינען
דודל, דרײַצן יאָר } קוזינען
מלכה, די באָבעשי
פּינקוס, דער פֿעטער, אַן אַרבעטער זעקס און צוואַנציק יאָר
זלאַטע, אַ דינסט אין שטוב.

אָרט — אַ גרעסערע פּראָווינץ-שטאָט אין פּוילן
צײַט — געגנוואַרט.

# ערשטער אקט.

אַ רייך קינדער־צימער, חיים מעבלירס ביי נחום טאַטאַז אין דער וואוינונג
מרימל און שרהלע זיצן ביי אַ טיש און נייען.

מרימל

האָסט שוין פאַרענדיקט דאָס מענטעלע שרהלע?

שרהלע

ס'הויבט זיך נישט אָן. גענעצט אַ גודנע אַרבעט! און דערצו איז נאָך דער שטאָף אַזוי דיק, אַז איך האָב מיר שוין אַלע פינגער צעשטאָכן.

מרימל

און מיין אַרבעט, מיינסטו, איז גרינגער? איך מוז אויף דער האַנט אַרומשטעפן דאָס קליידעלע. גאָרנישט קיין לייכטע זאַך כ'לעבן! שוין דריי נאָדלען דערביי צעבראָכן.

שרהלע

גענעצט

איך זיץ קוים איין אַזוי ווילט זיך מיר שלאָפן. די באָבעשי זאָל לעבן, האָט מיך די נאַכט איבערגעוועקט. זי איז געגאַנגען סליחות זאָגן, האָט זי זיך אָנגעהויבן קלייבן און קלייבן. דערווייל האָב איך שוין קיין אויג נישט געקאָנט צוטון.

מרימל

מיך האָט זי מיט אַ כיון אויפגעוועקט, געוואָלט איך זאָל מיט איר מיטגיין אין שול אַריין. אַ כשרע יודישע טאָכטער, זאָגט

זי, דאַרף זײַן אַ פּאָר גאָט, אַ פּאָר לײַט. די מאַמעשי, עליה השלום, זאָגט זי, איז אויך יעדעס יאָר מיט איר צו סליחות מיטגעגאַנגען. איך האָב זיך קוים בײַ איר אָפּגעבעטן. שלאָפֿן אָבער האָב איך שוין נישט געקאָנט.

**שרהלע**

דעם טאַטעשי געדענקסטו? איך — גאָרנישט.

**מרימל**

ווי דורך אַ חלום, שרהלע. בין קוים פֿיר יאָר אַלט געווען, ווען ער האָט זיך פֿון אונז אָפּגעשיידט, געווען, זאָגט די באָבעשי, אַן איידעלער מענטש, אַ געבילדעטער.

**שרהלע**

נאָך אַ קורצער פּויזע, מיט אַ טיפֿן זיפֿץ

אָך, מרימל! ס'אַראַ טרויעריק לעבן מיר פֿאַרברענגען, זינט אונזער טײַערע מאַמעשי איז געשטאָרבן! תמיד האָרעווען פֿאַר באַלטשעס ליאַלקע, תמיד איר זײַן אונטערגעוואָרפֿן...

**מרימל**

און די מומע מירל וויל זיך אפילו דערויף נישט פֿאַרשטיין. אַ גודנע אַרבעט! מיר פֿאַרלירן בחנם צײַט און לערנען, לערנען מיר דערווײַל גאָרנישט. ווען די מאַמעשי האָט געלעבט, איז מען געגאַנגען אין שול, האָט מען געהאַט לערער... איצט נישטאָ אַזעלכע פֿאַרגעניגנס!...

**שרהלע**

אויך מיר אַ פֿאַרגעניגן! גיין מיט באַלטשען אין פּאַרק אַרײַן און זיך שפּילן מיט פֿיר יעריקע קינדער...

**מרימל**

און דערצו, שטייט אַלץ באַלטשעס קאַפּריזן, גיב איר נאָך אַלע אירע משוגעתן, ווערלאַנג איר ס'טעלערל פֿון הימל. ציט זיך הינס פֿוילקייט אַ פֿאַרמאַטערטע קאָן מען ווערן. געניצט

**שרהלע**

און טאָג־איין, טאָג־אויס, דאָסזעלבע!... טאָג־איין, טאָג־אויס...

ליגט אויבן אויף די ארבעס, ציט זיך און גענעצט

**מרימל**

פאַרנאַריצט קאָן מען ווערן. *גענעצט* די אויגן קלעפּן זיך מיר

לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ אויף דער ברוסט און דרימלט איין.

**שרהלע**

באטראכט א ווײַל מרימלען ווי זי שלאָפט, גענעצט זיך אויס, נעמט צוריק אויף א ווײַל די ארבעס, זינגט זיך אונטער גאנץ שטיל „פלאַקער פײַערל, פלאַקער"... קען זיך אבער נישט באַהערשן פון מידקייט און דרימלט איין.

**באַלטשע**

קומט אַרײַן גאנץ שטיל, גייט לאַנגזאַם, אויף די שפּיץ־פינגער, בלײַבט א ווײַל שטיין פאר ביידע מיידלעך, קוקט זיי אָן פאַרחאוּנדערט און זאָגט גאנץ שטיל

שלאָפן גאָר די פּרינצעסינס!... און מיין אָרימע ליאָלע האָט נישט וואָס אָנצוטון, ליגט אַ נאַקעטע, און קאָן גישט גיין שפּאַצירן... אָרימע ליאָלע!... נעמט פון טיש די ליאַלקע און פרווט איר אָנטון די נאָך נישט פאַרענדיקטע מלבושים. צישטעכט זיך אבער די פינגער מיט א נאָדל, וואָס איז אין זיי געבליבן שטעקן און מאכט א געוואלד.

מריםל און שרהלע כאַפּן זיך אויף.

**מרימל**

דערשראָקן

וואָס איז געשען?...

**שרהלע**

ווער שרײַט?...

**מרימל**

דו? באַלטשע?...

שרהלע

וואָס איז דיר, קינד?...

באַלטשע

שלאָגט מרימלען

שלעכטע מוידן!.. האָסט מיך צעשטאָכ,ן!.. ס'טוט מיר ווײ!.. בלוט! בלוט!.. ס'רינט בלוט!...

מרימל

דערשטוינט

ווי? בלוט? פון וואָס? ווײז נאָר!...

באַלטשע

מאַכט געהאַלדן

האָסט מיך צעשטאָכן!.. ס'טוט ווײ!.. שלאָגט זי שלעכטע מוידן!...

מרימל

איך האָב דיך צעשטאָכן? איך האָב דיך אפילו נישט אָנגערירט!

באַלטשע

יאָ!.. האָסט מיך צעשטאָכן!.. ס'רינט בלוט!.. זע!.. סטרײסלט דעם פאַרבלוטיקטן פינגער אין דער לופט.

שרהלע

אָבער, קינד מיר האָבן זיך צו דיר נישט צוגערירט אפילו: נישט מרימל, נישט איך. האָסט זיך אפשר נישט ווילנדיק אַליין צעשטאָכן.

באַלטשע

שלעכטע מוידן!.. כ'וועל דערציילן דער מאַמען!

מרימל

כדי די מאַמע זאָל זיך בײזערן, נישט אמת?

באַלטשע

יאָ... אַ מצוה אויף אײך!.. איך וועל זיך פרײען...

ש ר ה ל ע

פֿאַרוואָס?..

ב אַ ל ט ש ע

שטופּט מיט די פֿיס

איך וויל אַזוי... און שוין...

ש ר ה ל ע

ביזט גאָרנישט קיין גוטע, באַלטשע.

ב אַ ל ט ש ע

כ'וויל נישט זיין קיין גוטע!...

ש ר ה ל ע

מיט פֿאַרדראָס

אויב יאָ אַזוי, וועסטו קיין ליאַלקע נישט האָבן... נעמט די ליאַלקע.

ב אַ ל ט ש ע

שרייט

כ'וויל מיין ליאַלקע! חיל זי אַרויסרייסן.

ש ר ה ל ע

וערט זיך

בחנם!.. וועסט זי נישט האָבן!..

באַלטשע כאַפּט-אָן די ליאַלקע ביים קאָפּ און ציט מיט כח, שרהלע האַלט זי אָבער פֿעסט ביי די פֿיסלעך, דער קאָפּ טיילט זיך אָפּ, באַלטשע פֿאַלט אוים און צעברעכט בעתן פֿאַלן דעם קאָפּ פֿון דער ליאַלקע.

ב אַ ל ט ש ע

אויסער זיך — שרייט.

מאַמע! מאַמע!... מרימל און שרהלע האָבן מיך צעשטאָכן!..
צעבראָכן מיין ליאַלקע!...

מירל לויפֿט אַריין אַ דערשראָקענע.

מ י ר ל

גאָט איז מיט דיר, וואָס ווייסטו, קינד מיינס? אוצר מיינער?
וואָס איז דיר?

באַ ל ט ש ע

מרימל און שרהלע האָבן מיך געשטאָכן!.. שרה האָט צעבראָכן
מיין ליאַלקע!..

מ י ר ל

נעמט זי אויף די הענט און קושט זי

וויין נישט, באַלטשע־קרוין, מלאך מיינער, אוצר מיינער. וואָס
דאָס אָרימע קינד האָט געבעך אַלץ אויסצושטיין!.. געטרייע
קוזינקעס האָסטו... אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט!...

באַ ל ט ש ע

מיין ליאַלקע!.. איך וויל מיין ליאַלקע!..

מ י ר ל

קושט זי

יאָ, קרוין, אַ ליאַלקע וועסטו האָבן... אַ שענערע, אַ בעסערע
חיוס אויף די מידלעך פאַר זייער גענלט. פֿאַר זייער מאַשן־געלט,
און זאָלן זיי וויסן אויף אַן אַנדעריש מאָל... אָבער, ווייז מיר,
וואו האָסטו זיך צעשטאָכן?

באַ ל ט ש ע

נישט איך. זיי, זיי, האָבן אַריינגעשטעקט נאָדלען, איך זאָל זיך
צעשטעכן די פינגער....

מ ר י מ ל

נישט אמת, באַלטשע. ביזט געווען נישט פאַרזיכטיק, האָסט גע־
כאַפּט פון טיש דאָס נישט פאַרענדיקטע קליידעלע, און זיך
אַליין צעשטאָכן מיט דער נאָדל, וואָס האָט געבליבן געשטעקט.

מ י ר ל

פֿאַרדראָסיק

וואָלסטו אָבער נישט געלאָזן שטעקן די נאָדל, וואָלט זיך דאָס

אָרימע קינד נישט צעשטאָכן.

מרימל

אמת, מומעשי, אָבער וואָס האָט זי צו טשעפּען אונזער אַרבעט?

שרהלע

אודאי, אויב זי וויל זיך דוקא צורירן צו די קליידלעך בעת מיר האַלטן ביי אין נייען, מוז זי זיך צושטעכן; זאָל זי אָבער נישט זאָגן, אַז ס'איז אונזער שולד.

מירל

ווי שיין דאָס רעדט... כ'לעבן!.. אַ מאָדנע פאַרגעניגן מבזה צו זיין אַ פּיצל קינד און איר תמיד טון להכעיס. אַ מאָדנער פאַרגעניגן!.. און ווען דאָס קינד האָט זיך שוין גוט אָנגעוויינט, מאַכט מען אַ פרומע מינע און מען טענהט, אַז דאָס קינד איז שלעכט, דאָס קינד איז בייז...

מרימל

ווען די מומעשי וואָלט זי זען, ווען זי ווערט אין כעס, וואָלט די מומעשי אַנדערש גערעדט.

מירל

ס'וואָלט געפּאַסט כ'לעבן, אַז איך זאָל דאָ זיין אַ פרעמדע נישט קאָנען מיין אייגן קינד.

שרהלע

אָבער גוטע מומעשי...

מירל

אַ סוף... גענוג גערעדט... צו באַלטשען קום, אוצר מיינער, קום, קרוין, מיט דיין מאַמעשי באַפעלעריש צו די מיידלעך און איר זאָלט די רגע ענדיקן די קליידלעך פאַרן קינדס ליאַלקע, איר הערט!

באַלטשע

איך וויל אויך אַ היטעלע פאַר מיין ליאַלקע.

מ ירל

יאָ, מיין מלאך. *באַפעלעריש צו די מיידלעך* איר וועט אויך מאַכן אַ היטעלע פֿון ווייסן זייד...

באַלטשע

איך וויל ס'זאָל זיין געפּוצט ניט שוואַרצן סאַמעט.

מרימל

*מיט פֿאַרדראָס*

ווי מען וועט מאַכן אַזוי וועט זיין.

מ ירל

אַ חן דאָס האָט צו ענטפֿערן! *צו באַלטשען* קום, קרוין-לעבן, קום, מיין מלאך, קום מיט דער מאַנעשי!

באַלטשע

ניין; איך וויל בלייבן דאָ!.. איך וויל קוקן!..

מ ירל

קום, קינד, זיי האָבן דיך פֿיינט; זיי וועלן דיר טון להכעיס...

באַלטשע

איך וויל בלייבן!.. איך וויל...

מ ירל

נו, בלייב, קרוין, בלייב. *לאַכט, קושט זי האַרציק און גייט אָפּ שיקנדיק איר נאָך קושן פֿון דער ווייטן.*

מרימל

*זעצט זיך אַוועק ביים טיש און נעמט זיך בלעטערן אַ בוך.*

שרהלע

*שטרעקט זיך אויס אויפֿן הינקשטול און הינט זיך לאַנגזאַם.*

באַלטשע

*קוקט זיי אָן פֿאַרוואונדערט*

נו, און ס'קליידעלע? און ס'היטעלע?

**שרהלע**

לאָז מיך געמאַך מיט דער ליאַלקע דיינער! גיי צו דיין דינסט; זאָל זי דיר מאַכן, אויב זי וויל.

**באַלטשע**

ניין, דו זאָלסט מאַכן!... די מאַמעשי האָט געהייסן!

**שרהלע**

ס'איז ניט מיין מאַמעשי.

**באַלטשע**

איך וויל!...

**שרהלע**

מעגסט וועלן... איך האָב דיך פיינט; דו ביזט אַ ליגנערטע...

**באַלטשע**

*סיפּעט מיט די פיס און שרייט*

ס'קליידעלע! ס'היטעלע!... שלעכטע מוידן! איך וועל דערציילן, דער מאַמען!...

**שרהלע**

דערצייל וואָס דו ווילסט, און לאָז מיך געמאַך.

**באַלטשע**

*גייט צו בגנבה צו מרימלען, כאַפּט איר אַרויס דאָס בוך פון דער האַנט און צורייסט פאַר כעס עטליכע בלעטער*

**מרימל**

*שפּרינגט אויף פון אָרט, רייסט אַרויס צוריק דאָס בוך ביי באַלטשען און שטופּט זי העפטיק אָפּ פון זיך, אַזוי, אַז די קליינע פאַלט אויף דער קאַנאַפּע און בלייבט אַ ווייל ליגן*

אַ שיינע זאַך געטון... צוריסן דעם טאַטעשיס בוך; אַ ניי בוך פול מיט שיינע בילדער.

ב אַ ל ט ש ע

איך וויל אַזוי! ס'איז דיין שולד!

מ ר י מ ל

מיין שולד? אַ העזה, כ'לעבען! האָסט מיר אַרויסגעריסן סבוך פֿון האַנט!...

ב אַ ל ט ש ע

זאָלסט ניט לייענען!.. איך וויל ניט! מאַך דאָס קליידעלע, אַ היטעלע מיט שוואַרצן סאַמעט!...

מ ר י מ ל

ביזט נודנע, גיי, אָט האָסטו דאָס קליידעלע און לאָז מיך צופֿרידן (וואַרפֿט איר דאָס קליידעלע פֿון דער ליאַלקע) מאַרש פֿון דאַנען!..

ב אַ ל ט ש ע

(אַנטלויפֿט שרייענדיק)

כ'וועל דערציילן דער מאַמען!...

ש ר ה ל ע

(צו מרימלן)

די בובע וועט באַלד ווידער קומען צו לויפֿן מיט געוואַלדן,

מ ר י מ ל

זאָל זי קומען. כ'האָב שוין קיין כח ניט, ס'איז ממש ניט אויסצוהאַלטן פֿון דער קליינער רשעת...

(אַ קורצע פּויזע — די טיר עפֿנט זיך און שלמהלע און דודל קומען אַריין)

מ ר י מ ל

(שפּרינגט אויף און לויפֿט זיי אַנטקעגן מיט פֿרייד)

אָ, סאַראַ גליק! געקומען פּונקט אין דער ריכטיקער צייט!

שלמהלע

גוט-מאָרגן, מרימל! גוט-מאָרגן, שרהלע!

דודל

גוט מאָרגן אײַך, טײַערע קוזינעס!

מרימל און שרהלע

גלײַכצײַטיק

גוט מאָרגן, גוט יאָר!

מרימל

איר ווייסט גאָר אַליין נישט, ווי איר האָט איצט צוגעטראָפֿן
מיט אייער קומען.

שרהלע

מען לאַנגווײַליגט זיך צום טויט.

שלמהלע

וואָס זיצט איר עפּיס, ווי פֿאַרהעמערטע? אַזאַ שיינער טאָג, היינט!

שרהלע

אַלץ צוליב באַלטשען. די מימע, זי וויל מיר זאָלן דעם גאַנצן
טאָג אַרבעטן פֿאַר באַלטשעס ליאַלקע.

דודל

איר זענט שוין **פּאַסט** אַ ביסל צו גרויס.

שלמהלע

אויף מיר אַ דאגה, באַלטשעס ליאַלקע...

דודל

אַ כּפּרה די ליאַלקע, גייט בעסער שפּאַצירן קיין אומגליק נישט,
אַז די קליידלעך וועלן פֿאַרטיק ווערן אַ ביסל שפּעטער. די
ליאַלקע וועט נישט וויינען...

מרימל

אָ, ס'וואָלט אונז שוין ניִשט געווען צו וואוילו! די מומעשי וואָלט געהאַט וואָס צו ריידן, און באַלטשע? ס'איז ממש ניִשט אויסצוהאַלטן פֿון איִרע קאַפּריזן.

שלמהלע

פֿאַראַן דאָך אַ דינסט? זאָל זי גייען, אויב מען דאַרף —

מרימל

זלאַטע האלט תמיד מיִט באַלטשען זי הנפּהט זיך איר אונטער. גיט איר נאָך אַלע אירע קאַפּריזן, כּדי אַרויסצוציִען ביי דער מומעשי וואָס מער מתּנות.

שלמהלע

ס'איז באמת ניִשט איבערצוטראָגן.

דודל

איך וואָלט זי שוין אויסגעבעסערט די קליינע מרשעת...

מרימל

וואָס קאָן מען איר טון? ס'איז אַ פּיצעל קינד, און נאָך אַלעמען איז עס אַפילו ניִשט איר שולד. די מומעשי פֿאַרדאַרבט זי: גיט איר אַלץ נאָך און דערמיִט מאַכט זי זי וואָס אַ טאָג בייזער און שלעכטער...

שלמהלע

די מומעשי איז דאָך תמיד געווען אַזאַ גוטע, איך האָב זי זייער ליב געהאַט.

מרימל

זי איז אַצינד אויך ניִשט אַזוי שלעכט, נאָר זי איז פֿערבלענדט, באַלטשע מאַכט זי ממש משוגע.

שלמהלע

פֿאַרוואָס קלאָגט איר זיך ניִשט פֿאַר דעם פֿעטער?

שרהלע

דער פֿעטער איז נאָך ערגער — ער איז גאָר אַ ווילדער.

מרימל

ער איז תמיד אַ־טעגיד, פֿאַרנומען ביי זיינע מסחרים, כמעט קיינמאָל נישט אין דער היים... און וואָס די מומעשי בומבעלט איִם אָן איז ביי איִם היילק...

דודל

הערט, חברה, איך וואָלט חשק געהאַט די קליינע באַלטשע אַ ביסל אָנצולערנען.

שרימל

ווי הייסט?

שר ל

איר אָבטון אַ שפּיצל, מיין איך, זי זאָל עס האָבן צו געדענקען לעולם־ועד...

שרהלע

לטשל, וואָסער שפּיצל, מיינסטו איר אָבצוטון, דודל?

ל —

איך ווייס? זי איבערשרעקן, אַ שטייגער. מיר לאָזן אַרונטער די פֿאָרהאַנגען פֿונם פֿענסטער, ס'זאָל זיין טונקל אין שטוב; איך הילֿ מיך איין אין אַ שוואַרצן שאַל, פֿאַרדעק מיר דאָס פּנים, און באַהאַלט זיך אונטערן בעט... אַז רופֿט אַריין באַלטשען, צע־רייצט זי אַ ביסל, און ווען זי הייבט אָן מיט איִרע קאַפּריזן, זאָגט איר איר, אַז אויב זי בלייבט נישט שטיל און טוט נישט, וואָס איר הייסט, וועט זי דער רופֿן דעם טייוול, און ער וועט זי אַוועקכאַפּן... באַלטשע וועט איך פֿסתמא נישט האָבן, זאָלט איר אַלע אינאיינעם אויסרופֿן:

טייוול טייוול, קום צורוף,
כאַפּ צו באַלטשען און אַנטלויף!...

דעמאָלט וועל איך אָנהויבן שרײַען פֿון אונטערן בעט: בו.. בו.. בו!... און אָפּעסקבוּבֿן, באַלטשע וועט מורא קריגן מיך דער־זעענדיק און וועט מיר מוזן צוזאָגן, אַז פֿון היינט אָן און ווייטער וועט זי מאָרכן אַלץ, וואָס מען וועט זי הייסן. איר פֿאַרשטייט? דאָס וועט פֿאַר איר זיין אַ גוטע לער אויף שפּעטער...

שרהלע

כאַ־כאַ־כאַ!... אַ גוטער לקוּס ביזטו דודל. מאַכט אים נאָך
טייוול טייוול, קים אַרויף,
כאַפּ צו באַלטשען און אַנטלויף...
בו־בו־בו... איך שטעל מיר פֿאָר ווי באַלטשע וועט אויסזען...

מרימל

דיין פּלאַן, דודל, געפֿעלט מיר ־ ניט.

שלמהלע

מיר אויך נישט.

שרהלע און דודל

גלײַכצײַטיק

פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס?

מרימל

ווייל אַזאַ שפּיל קאָן אַמאָל קאָסטן צו טייער. באַלטשע איז נ אַלעם אַ פּיצל קינד; זי קאָן קראַנק ווערן פֿאַר שרעק.

שלמהלע

און אַמאָל אויך מיסן לעבן באַצאָלן.

שרהלע

גאָט איז מיט אייך! רעדט נישט אַזוי! ווײ, ווײ, איך שטעל מיר אַ ביסל פֿאָר דעם צער, וואָס די מומעשי וואָלט האָבן; זי וואָלט עס נישט אויסגעהאַלטן.

מרימל

און אונז אַליין וואָלט אויך נישט צו ווויל זיין.

ד ו ד ל

דאַרף מען עפּיס אַנדערש אויסקלערן. מען דאַרף זי דורכאויס באַשטראָפן: זאָל זי וויסן, אַז מען דאַרף נישט זיין קיין עגאָאיסט־קע, אַז מען דאַרף לעבן בשלום מיט אַלע און, אַז מען טאָר־נישט זאָגן קיין ליגנס.

ש ל מ ה ל ע

איך האָב אַן עצה.

ש ר ה ל ע

אדרבא זאָג, זאָג, שלמהלע.

ש ל מ ה ל ע

מסתמא איז דאָך באַלטשע אויך אַ נאַשערקע; נישט אמת?

ש ר ה ל ע

אָבער אַ נאַשערקע! אַלץ הייסט אַ נאַשערקע!

מ ר י מ ל

דאָס קינד איז אַזוי גיריק, אַז זי איז בכח אַלץ אויפצועסן פונם טיש, און נישט אַמאָל אַ טראַכט געבן אַפילו, אַז נאָך עמיץ דאַרף עסן. זי האָט נאָך זייט זי לעבט קיינעם קיין צוקערל נישט געגעבן.

ש ל מ ה ל ע

איז גוט! הערט אויס, ווען זי וועט אַריינקומען וועלן מיר איר זאָגן, אַז זי זאָל אונז הייסן געבן פעפער.

ש ר ה ל ע

זי וועט זיך קראַנק עסן און קיינעם פון אונז קיין ברעקל נישט איבערלאָזן.

ש ל מ ה ל ע

אָט דאָס מיין איך. בעתן עסן זאָלט איר גאָרנישט זאָגן, נאָר

דערנאָך, אויב זי לאָזט פאַר אונז באמת גאָרנישט איבער, זאָלט איר מיר אַלע נאָכטון. איר פאַרשטייט.

**שרהלע**

דערווייל וועלן מיר בלייבן אָן פעטער!

**דודל**

דאָס וועל איך שוין באַזאָרגן. איך ווייס שוין וואָס צו טון.

**מרימל**

אַגב דאַרף מען זען, אַז זי זאָל נישט צופיל עסן; זי קאָן אויך אַ רעכטן אמת גוט קראַנק ווערן.

**שלמהלע**

קיין סכנה! וועט זיך אפשר אַ ביסל **דעם** מאָגן פאַרדאַרבן און דאַרפן נעמען ריצינאייל.

**שרהלע**

האָ, ריצינאייל!... פיו!...

**דודל**

אויסגעצייכנט! וועט זי האָבן דערווייל נאָך אַ לער, אַז מען טאָר נישט זיין קיין נאַשער, דיין עצה, שלמהלע, איז אויס־געצייכנט!

בעלכשע קומט אריין גאנץ שטיל, ווי זי וואָלט וועלן אויסשפּיאָנירן, וואָס אירע קינדער טוען. זי באמערקט שלמהלען און דודלען און בלייבט שטיין אומבאהאָלפן. ביידע יונגען לויפן איר אנטקעגן.

**שלמהלע**

נעמט זי ארום און קושט זי

**וואָס טוסטו עפּיס מיין ליבע באַלטשע? מיר זענען געקומען דיך זען.**

ד ו ד ל

*קושט זי:*

באַלטשעניו, מיר זענען הונגעריג, הייס אונז געבן פּעספּער.

ש ל מ ה ל ע

גוטע זאַכן, און אַ סך... אַ סך...

ד ו ד ל

קאַרשן, באַרנעס, פֿלוימען...

ש ל מ ה ל ע

און שמאַנט.

ד ו ד ל

און קיכן.

ש ל מ ה ל ע

און קאָמפּאָט. וועכט הייסן?

ב אַ ל ט ש ע

יאָ, יאָ, אַלץ. כ'וועל זאָגן דער באָבעשי.

ש ר ה ל ע

ווילסטו איך זאָל גיין זאָגן דער באָבעשי?

ב אַ ל ט ש ע

ניין... איך וויל אַליין זאָגן... *לויפט צו־דער טיר און רופט* באָבעשי!
באָבעשי!...

מ ל כ ה

*קומט און בלייבט שטיין אויף דער שוועל*

זאָל מיר גאָט העלפן! וואָס ווילסטו, קינד?

ב אַ ל ט ש ע

איך וויל פּעספּער.

מלכה

זאָל מיר גאָט העלפֿן! האָסטו מיך באַדאַרפֿט דערצו מטריח זיין! קאָן דיר דאָך די דינסט דערלאַנגען?

באַלטשע

איך וויל אַ סך גוטע זאַכן: קיכן! שכאַנעס קאַרשן! באַראַניקעס! פֿלוימען און קאָמפּאָט!

מלכה

זאָל מיר גאָט העלפֿן! באַלטשע לעבן! אַ קינד טאָר ניט אַזוי זיין, ברויט מיט קאַרשן וועט איך זיין געזונט.

באַלטשע

ניין, ניין, איך וויל אַלץ... איך וויל!...

מלכה

זאָל מיר גאָט העלפֿן! דו וועסט ניט קריגן קינד.

באַלטשע

איך וועל דערציילן די באָבען!...

שלמהלע

גייט צו צו מלכהן און רעדט מיט איר עפּיס שטיל

מלכה

זאָל מיר גאָט העלפֿן! קאָן ניט זיין קיין סכנה?

שלמהלע

מיר וועלן אַכטונג געבן.

מלכה

כי-כי-כי! זאָל מיר גאָט העלפֿן, קינדערלעך! זאָל מיר גאָט העלפֿן! גייט-גייט.

דודל לויפֿט איר נאָך. — שלמהלע, טרימל און שרהלע שמועסן עפּיס שטיל צווישן זיך

באַלטשע

וואָס רעט איר דאָרט? איך וויל ניִשט!... קומט צו מיר!...

שלמהלע

אַודאי, אַודאי. (אלע רינגלען זיך אַרום)

באַלטשע

לאָמיר שפּילן אין „בלינדע פּעטש".

שלמהלע

יאָ, קינד, יאָ. לאָמיר שפּילן!

דודל

(קומט-אַרײַן)

וואָס, בלינדע פּעטש? גוט, אױסגעצייכנט. לאָמיר שפּילן.

באַלטשע

איך וויל זיין די בלינדע...

שלמהלע

גוט מיין ליבע באַלטשע, גוט.

באַלטשע

(בויגט זיך אָן און לעגט די האַנט אויפן רוקן, די איבעריקע קינדער פּאַטשן איר איינס נאָך ס'אַנדערע גאַנץ שטאַרק אויף דער האַנט — באַלטשע אויפּער זיך פאַר כעס.)

איך וויל ניִשט מער שפּילן!

דודל

אָט ברענגט זלאַטע עסן.

(זלאַטע קומט אַרײַן און טראָגט אויף אַ טאַץ גאַנץ קליינע חלקים פון די אַלע זאַכן, וואָס באַלטשע האָט פאַרלאַנגט — באַלטשע אַ ברוגזע רוקט צו די טאַץ צו זיך און הויבט אָן עסן.)

לאַטע

דאָס איז נישט בלויז פאַר באַלטשען, נאָר אויך פאַר די פריי־
ליינס און פאַר די יונגע הערן.

באַלטשע

זאָלן זיי עסן עפּיס אַנדערש. כ׳האָב צו ווייניק.

זלאַטע

כאַ־כאַ־כאַ!... איז זי אַ געבעוקע! שוין איינמאָל אַ געבערקע!.. פּא

בעת באַלטשע עסט זיצן אַלע פון ווייטן און שמועסן שטיל צווישן זיך. ווען זי האָט אַלץ
אויפגעגעסן, הייבן זיך אַלע מיט אַמאָל אויף און גייען צו איר צו.

שלמהלע

צו באַלטשען

באַלטשע, ביזט אַ גרויסע נאַשערקע. האָסט אַלץ אויפגעגעסן און
פאַר אונז גאָרנישט איבערגעלאָזט. איך בין מיט דיר ברוגז. פּא.

דודל

באַלטשע, ביזט אַ שלעכט קינד, אַ ליגנערטע און אַ נאַשערקע:
האָסט אַלץ אַליין אויפגעגעסן און פאַר אונז גאָרנישט איבער־
געלאָזט. איך בין מיט דיר ברוגז!... פּא.

שרהלע

באַלטשע, ביזט אַ שלעכט קינד! האָסט איז זיין נאָר זיך. איך
בין מיט דיר ברוגז. פּא.

מרימל

באַלטשע, האָסט געטון אַ מיאוסע זאַך! האָסט דיר צוגענומען
דעם גאַנצן פעפּער און אים אַליין אויפגעגעסן: אַזוי טוט נאָר
אַ שלעכט קינד, אַ נאַשער. אַ גוט מיידעלע עסט נישט אַלץ אַליין
אויף; אַז מען גיט איר עפּיס טיילט זי זיך מיט אירע חברטעס,
האָסט אַליין אַלץ אויפגעגעסן, דעריבער האָבן דיך אַלע פיינט,

אַלע זענען מיט דיר ברוגז און איך אויך... פּפּ

באַלטשע

קוקט זיך אַרום אַ ווילדע דערשטוינטע

איך וויל נישט זיין אַליין! רופט באָבעשי! מרימל! שרהלע!.. איך וועל דערציילן דער מאַמען!.. באָבעשי!.. לויפט צו דער טיר, רייסט זי, קאָן אָבער נישט עפענען און רופט מיט אַ געוויין מרימל!... שרהלע!... איך וועל אייך אַלץ צעברעכן... און שוין!...

כאַפּט פון טיש זייערע קייבערלעך מיטן ניט-גענוציג, צעשיט זיי איבער דער פּאָדלאָגע און טרעט פאַר כעס אַלץ מיט די פיס. פלוצים אָבער, טוט זי אַ פאַרוואַקטן געשריי און פאַלט אויף דער פּאָדלאָגע

מלכּה

קומט צולויפן אַ דערשראָקענע

זאָל מיר גאָט העלפן! באַלטשע קרוין! וואָס איז דיר?!...

באַלטשע

מיין פוס!.. מיין פוס!... מיין פוס!... זיי האָבן מיך צעשטאָכן!...

מלכּה

באַטראַכט דאָס פיסל פונם קינד און צוט אַרויס אַ גראָבע נאָדל פונם שיכל

זאָל מיר גאָט העלפן! זעסטו, קינד, אַזאַ גראָבע נאָדל געשטעקט! האָסטו באַדאַרפט אַלץ צעוואַרפן? זאָל מיר גאָט העלפן! ער האָט דיך געשטראָפט...

באַלטשע

כ'וויל נישט גאָט זאָל שטראָפן!...

מלכּה

אָ, קינד, אים קאָן מען קיין דעה נישט זאָגן. וואָס ער וויל טוט ער. זאָל מיר אַזוי גאָט העלפן!...

באַלטשע

איך וויל נישט!..

מ ל כ ה

ציִ דו ווילסט, ציִ גיין, וועט ער ביי דיר נישט פרעגן.

ב אַ ל ט ש ע

שרייט

ס׳טוט ווײ... ס׳טוט וויי!...

מ ל כ ה

קיין סכנה, קינד! קיין סכנה! זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן!... איך האָב מיר שוין אַ מאָל אַ פוס צעבראָכן, פונדעסטוועגן האָט זיך אַלץ צוזאַמענגעוואַקסן און אויסגעהיילט. זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן!...

ב אַ ל ט ש ע

אַ דאגה מיר די באָבעשיס פיס... מיינער טוט מער ווײ...

מ ל כ ה

מיט פאַרדראָס

אַזוי גאָר? דער באָבעשיס פוס איז ביי דיר גאָרנישט? ביזט אָן אַ האַרץ, קינד, זאָל מיר אַזוי גאָט העלפן אָז אַ האַרץ וויל גיין

ב אַ ל ט ש ע

שרייט

כ׳וויל נישט די באָבעשי זאָל גיין!

מ ל כ ה

איך וועל שיקן די דינסט.

ב אַ ל ט ש ע

זאָל קומען די מאַמעשי!... איך וויל די מאַמעשי!...

מ ל כ ה

די מאַמעשי איז, דוכט מיר, אַוועקגעגאַנגען. אויב זי איז שוין צוריקגעקומען וועל איך זי שיקן. אָ

מ י ר ל

אין הויז און אין מאנטל לויפט אריין א דערשראָקענע

ווײ איז מיר! וואָס איז געשען?

ב אַ ל ט ש ע

בּאַכט געהאלטן

מאַמע! מאַמע!... מירל און שרהלע האָבן מיר דורכגעשטאָכן דעם פוס!..

[redacted]

דורכגעשטאָכן!.. דעם פוס!... ווו? פאַרוואָס? ווייז, קינד, ווײ'ז!

ב אַ ל ט ש ע

— מיט אַ גראָבער נאָדל...

[redacted]

א צערודערטע

ווי אַזוי? ווייז!.. שונאים, שונאים, אַ סכנה דאָס קינד מיט זייר צולאָזן!... ליגט אַוועק באַלטשען אויף דער קאַנאַפּקע, און ווי'ל איר אויסטון דעם שוך

ב אַ ל ט ש ע

זיך ווארפנדיק

איך וויל נישט... איך וויל נישט אויסטון!...

מ י ר ל

מלאך מײנער, מען מוז, מען דאַרף. איך וויל זען די וווּנד, עפּיס טון דערצו, עפּיס צולײגן. רופט זלאַטע!.. זלאַטע!.. קום נאָר, זלאַטע!..

ז ל אַ ט ע

קומט אריין

די מאַדאַם האָט מיך גערופן?

מ י ר ל

יאָ, זלאַטע קרוין, וואָס איז דאָ געשען מיט מיין קינד? זאָג, איך בעט דיך, זיי האָבן איר דורכגעשניטן דעם פוס, די מיידן, איז דאָס אמת? ווי איז מיר! איז דאָס מעגלעך? אייגן בלוט און פלייש!...

ז ל א ט ע

קוקט צו באַלטשען מיט א שמייכל

אודאי, אמת.

מ י ר ל

אמת זאָגסטו? האָסט אַליין געזען? דערצייל, וויי, ווי אַזוי?

ז ל אַ ט ע

אַליין האָב איך נישט געזען, נאָר מסתמא, אַז דאָס קינד זאָגט, — איז דאָס אמת. אַ קינד זאָגט קיין ליגן נישט...

מ י ר ל

שונאים!.. שונאים!.. אייגן בלוט און פלייש!.. וויי איז מיר; זי לאָזט זיך דאָס שכל נישט אויסטון, ס'פיסל איז אודאי אָנגעשוואָלן... לאָז, מלאך מיינער! איך וועל פּרוּוון אויסטון. חיל איר אויסטון דאָס שיכל

ב אַ ל ט ש ע

לאָזט נישט און הערפּט זיך

כ'וויל נישט אויסטון!... כ'וויל נישט!.. ס'טוט וויי!.. ס'טוט וויי!..

מ י ר ל

וויי, אוצר מיינער? באַלטשע קרוין, וווּ? וויי דער מאַמעשי?

ב אַ ל ט ש ע

מיט א שוואך קול.

דאָ אויבן, דאָ ביים האַרץ. ביים בייכעלע.

זלאַטע

זעס, װי בלײך זי איז געװאָרן!.. מוז זיך האָבן דעם מאָגן פֿאַרדאָרבן....

מירל

װײ איז מיר! אַ שװײס האָט זי אַזש באַדעקט!... זלאַטע, געשװינד! טראָג אַרײַן דאָס קינד אין שלאָף-צימער און לויף נאָך אַ דאָקטער... מײַן קינד איז פֿאַרבײ... אײל זיך צו... לויף!... שרהלע!... מרימל!... (זלאַטע טוט װאָס זי װײסט) װוּ זײַנען זײ די מײדן ?!.. װוּ זײַנען זײ ?.. (הײנענדיק היסטעריש) שונאים!... שונאים!.. איך װעל זײ אַרויסיאָגן!.. אַרויסיאָגן װי די הינט!..

פאָרהאַנג

# צווייטער אַקט.

אַ בעל־הבתישער כאָלאַן בײַ נחום כאַפּאַז אין דער וווינונג. — נחום זיצט בײַ אַ ביורקע נעבן פענסטער. פאַר אים ליגן צוויי גרויסע האַנדלס־ביכער, אַ רעכנברעטל און אַ גאַנצער פּאַק פּאַפּירן. מירל זיצט אויף אַ קאַנאַפּקע און נייט אַ היטעלע פאַר באַלטשעס ליאַלקע. אויף אַ דיוואַן אין מיטן צימער זיצט באַלטשע און פּאָרעט זיך מיט איר ליאַלקע. אַרום איר ליגן צעוואָרפן אין אומאָרדנונג כלערליי קינדער־שפּילעכלעך.

**נחום**

קוקט אין די פּאַפּירן און קײַקלט די רעדלעך אויפן רעכנברעטל

צוויי טויזנט זיבן הונדערט פינף און צוואַנציק — גרינשפּאַן פינף און צוואַנציק טויזנט — פינקעלמאַן. טויזנט צוויי הונדערט דרייסיק פינף — ביים כּראַביע... און ווו זיינען אַהינגעקומען נאָך טויזנט פיר הונדערט פופציק זיבן? זוכט אין די ביכער

**מירל**

ווייז, באַלטשע קרוין, ווייז אַהער די ליאַלקע. מיר וועלן איר אָנמעסטן ס׳היטעלע...

**באַלטשע**

ניין, מען דאַרף ניִשט...

**מירל**

יאָ, מלאך, מען דאַרף די ליאַלקע וועט זיין שען. צאַצאַ!...

**באַלטשע**

מען דאַרף ניִשט...

מ י ר ל

קום, אוצר קליינער, קום, לעבן מיינס, קום. מען וועט אָנמעסטן...

*טוט אָן ס׳היטעלע בײַ זיך אויפֿן פֿינגער און חײַזט פֿון ווײַטן* אוי, ווי שען!... אוי, ווי שען!...

ב אַ ל ט ש ע

*אויפגערעגט*

מען דאַרף נישט!.. מען דאַרף נישט ס׳היטעלע!.. איך וויל נישט...

מ י ר ל

*גייט צו צו באַלטשען, נעמט זי אויף די הענט, קישט זי, און וויל זי צוטראָגן צו דער קאַנאַפּקע*

ב אַ ל ט ש ע

*שלאָגט זי, חאַרפּט מיט די פֿיס און מאַכט געוואַלסן*

כ׳וויל נישט!.. כ׳וויל נישט!.. כ׳וויל נישט!..

נ ה ו ם

טאָמער וואָלסטו אַביסל איינגעשטילט דאָס קינד, מירעלע. איך האָב מיך שוין דריי מאָל טועה געווען.

מ י ר ל

*צו באַלטשען*

ש—ש—שאַ... מאַטעשי אין ביין... ש—ש—ש... *זעצט זי אַוועק* *געבן זיך*

ב אַ ל ט ש ע

*בלײַבט אַ ווײַלע רויק, און קיקט צום פֿאָטער. בעת מירל מעסט אָן דער ליאַלקע דאָס היטעלע*

נ ח ו ם

*רעכנט*

נאָכאַמאָל: ביים כראַביע... ביים כראַביע... ביים כראַביע, האָבן

מיר געזאָגט: טויזנט צוויי הונדערט דרייסיק פינף. *קוקט אין די ביכער* יאָ. ס'שטימט. איצט, צוויי טויזנט זיבן הונדערט... זיבן הונדערט... זיבן הונדערט מיט... פינף... *קוקט אין די ביכער*

**באַלטשע**

*תּיכּף אויף דעם פּאַטערס פּאַפּירן*

מאַמעשי, וואָס איז דאָס?

**מירל**

בריוועלעך, קינד, בריוועלעך.

**באַלטשע**

ב'טאַטעס בריוועלעך?...

**מירל**

יאָ קרוין, יאָ, לעבן...

**באַלטשע**

*תּיכּף אויף די ביכער*

און דאָס, דאָ?

**מירל**

*אַרבעטנדיק בײַ דער ליאַלקע*

ביכעלעך, קעצעלע, ביכעלעך.

**באַלטשע**

וועם טאַטעשיס ביכעלעך?

**מירל**

יאָ, אויך מײַנער, יאָ; דעם טאַטעשיס; דעם טאַטעשיס...

**באַלטשע**

*תּיכּף אויפן רעכנברעטל*

און דאָס דאָ, וואָס איז?

מירל

וואָס? קרוין מיינע, וואָס!

באַלטשע

װײַזט צום רעכנברעטל
דאָס, דאָרט ביים טאַטעשי!...

מירל

רעדעלעך, קינד, רעדעלעך.

באַלטשע

רעדעלעך?..

מירל

יאָ, אוצר, יאָ...

באַלטשע

איך וויל די רעדעלעך.

מירל

צו נחומען
נחומש׳ קרוין, גיב דעם קינד דאָס רעכנברעטל, זאָל זי זיך שפּילן.

נחום

איך ברויך עס אָבער צו די רעכענונגען.

מירל

ווידער אַן עסק. ס׳קינד וויל זיך אָבער שפּילן.

נחום

צבוס־אומצופרידן גיט איר דאָס ברעטל
נאַ, קאָסעק. נאַ. אָבער זיץ שטיל און שפּיל דיך.

באַלטשע

די בריוועלעך אויך!.. די בריוועלעך וויל איך!..

**נ ח ו ם**

דערשראָקענער

ניין, קינד, נישט מעגלעך... מע טאָר נישט.

**ב אַ ל ט ש ע**

מאַכט געוואַלדן

די בריוועלעך!.. איך וויל די בריוועלעך!..

**מ י ר ל**

צו נחומען

געב איר דאָרט אַ שטיקל פּאַפּיר. פּייניג נישט דאָס קינד, נחום...

**ב אַ ל ט ש ע**

כ'וויל נישט פּאַפּיר!.. בריוועלעך!.. בריוועלעך... און די ביכע-
לעך... איך וויל ביכעלעך...

**נ ח ו ם**

שפּרינגט אויף פון אָרט א דערציטערטער

נישט מעגלעך, מירעלע, נישט מעגלעך!.. ס'איז וועקסלען...
רעכנונגען... אונזער גאַנץ פאַרמעגן איז דאָ!..

**מ י ר ל**

נעמט אַוועק באַלטשען פון דער ביורקע

מען טאָר נישט, אוצר, מען טאָר נישט.

**ב אַ ל ט ש ע**

וואַרפט זיך אין שלאָגט זי

איך וויל בריוועלעך! . ביכעלעך!..

**מ י ר ל**

ווײַזט איר די ליאַלקע מיטן היטעלע

אָט, זע, ווי שען די ליאַלקע איז. אוי, ווי שען!.. ווי שען!..

**ב אַ ל ט ש ע**

מאַכט געוואַלדן און טופּעט מיט די פֿיס פֿאַר כעס

איך וויל נישט די ליאַלקע!.. ביכעלעך!.. בריוועלעך!..

מ י ר ל

שטופּט איר די ליאַלקע אין פּנים אַריין

אָט, זע די ליאַלקע, ווי אַרטיק זי איז... אוֹי, ווי שען!.. אוֹי, ווי שען!..

ב אַ ל ט ש ע

כאַפּט די ליאַלקע, האַרגעט זי מיט כּעס אָן דר׳עוד און צוברעכט זי

מ י ר ל

גאָט איז מיט דיר, קינד! זע, וואָס דו האסט געטון? צעבראָכן די נייע ליאַלקע.. אַזאַ שיינע ליאַלקע...

ב אַ ל ט ש ע

טופּעט מיט די פיס און שלאָגט זי

שלעכטע מוֹיד!.. שלעכטע מוֹיד!.. בריוועלעך, וויל איך!.. ביכעלעך!

מ י ר ל

צו נ ... 

נחוּמשי, אפשר וואָלסטו איר דאָך געגעבן די ביכער זיך צו שפּילן? זע, ווי זי פּייניקט זיך נעבעך, דאָס אָרעמע קינד...

נ ח ו ם

א דערציטערטער

נישט מעגלעך, מירעלע! איך קאָן נישט... איך טאָר נישט!..

מ י ר ל

בכן, זאָל זיך דאָס קינד פּייניקן? זע, ווי זי זעט נעבעך אויס. הויט און ביין איז זי דאָך.

נ ח ו ם

אפשר קאָנסטו זי מיט עפּיס אַנדערש פאַרשפּילן? ס׳איז דאָך נישט מעגלעך, מירעלע. איך קאָן נישט, איך טאָר נישט.

פאַרשפּיל זי מיט עפּיס אַנדערש...

**באַלטשע**

*חיינס*

ניין עפּיס אַנדערש!.. ביכעלעך!.. בריוועלעך!..

**מירל**

*צו נחומען מיט פאַרדראָס*

ווילסט דוקא דאָס קינד זאָל נאָכאַמאָל ווערן קראַנק? נאָך ווייניק געהאַט מיט איר צו טון דריי וואָכן צייט?.. *כאַפּט די ביכער דערלאַנגט זיי באַלטשען* נאַ, אוצר מיינער, נאַ. שפּיל דיך.

**באַלטשע**

די בריוועלעך אויך... איך וויל...

**נחום**

*דערשראָקן אין אימפּאַהאַלבן*

אָבער, מײדעלע!..

**מירל**

*צו נחומען*

אָן עסק האָב איך מיט די סמאַטעס: דאָס קינד איז מיר ביליקער...

**נחום**

*צו באַלטשען*

אָבער זאָלסט נישט צערייסן, קעצעלע, מען טאָר נישט צערייסן...

**באַלטשע**

– איך וועל יאָ צערייסן...

**נחום**

ניין, קינדעלע, מען טאָר נישט!..

**באַלטשע**

איך וויל צערייסן!.. איך וויל!.. *עפנט א בוך און נעמט רייסן בלעטער*

נחום

א פארציטערטער כאפט ארויס ביי באלטשען די ביכער

ווי די זעסט מיך לעבן, מירעלע. איך קאָן נישט... איך טאָר נישט...

באַלטשע

אויסער זיך

מיינע ביכעלעך!.. מיינע ביכעלעך!.. לויפט צו צום פאָטער און שלאָגט אים

נחום

קעצעלע, די ביכער טאָר מען נישט —

באַלטשע

טופּעט מיט די פיסלעך

מען מעג!.. מען מעג!.. לויפט צו צו די פאַפּירן, כאַפּט איינס און צע־ ריסט עס פאר כעס

נחום

שרייט פאַרצווייפלט

באַלטשע! קינד! וואָס טוסטו? כאַפּט איר ארויס די שטיקלעך פון האַנט

באַלטשע

דערשרעקט זיך, לויפט צו די מוטער מיט א געוויין

מירל

גאָט איז מיט דיר, שריי נישט אַזוי, נחום; זע, ווי דאָס קינד איז בלייך געוואָרן פון שרעק. טוליעט באַלטשען צו זיך

נחום

נערוועז

נאַ, זע!.. צעריסן אַ וועקסל... דעם כראַביעס וועקסל... און גראָד די חתימה אויסגעריסן... צוועלף טויזנט רובל קאַפּוט!.. האַרפּט זיך הין ערטעפּט אויף א שטול ווען קאָפּ צווישן ביידע הענט נישט מעג־

לעך... ניִשט מעגלעך... פּויזע

מירל

צו נחומן

ביִזט קוים איין טאָג איִן דערהיים און די הויבסט זיִך שוין אָן אויפצורעגן. וואָס זאָל איִך זאָגן? שוין דריי טעג, ווי מיִר האָבן די שיינע פּירות אַרויסגעוואָרפן, בין איִך די גאַנצע צייט געבן קיִנד און האָב ניִשט קיין רו: ניִשט ביי טאָג און ניִשט ביי נאַכט. זי פאַרמאַטערט מיִך ממש.

נחום

זיִפצט

יאָ, ס׳איז גוט, אַז מ׳האָט ניִשט מער אויפן קאָפּ, ווי דאָס... אָבער איִנגאַנצן זיִך אָפּגעבן מיט איִר, איִז ניִשט מעגלעך, מיִרעלע. איִך קאָן ניִשט, איִך טאָר ניִשט...

באַלטשע

מיט געוויין

איִך וויִל צו מרימלען... איִך וויִל צו שרהלען...

נחום

שפּריִנגט אויף פון אָרט

אָט האָסטו אַ נייעם פּזמון!..

מירל

אַ דערשראָקענע

גאָט איז מיט דיר, קיִנד מיינס! זיי האָבן דיך אַזוי געפּייניגט!

באַלטשע

חליפּנט

ניין, ניִשט געפּייניגט... איִך וויל...

מירל

סוליעט זי

טו מיך נישט אַלץ אַזוי גוט ווי זיי? אוצר מיינער...

באַלטשע

[illegible] עלנטן טאָן

גיין...

מירל

ווילסט אפשר גיין שפּאַצירן, מלאכל טייערס?

באַלטשע

איך וויל צו מרימלען... איך וויל צו שרהלען...

נחום

הער, קעצעלע, מרימל און שרהלע זיינען שלעכטע מיידן; זיי פּייניקן דיך; זיי האָבן דיך פֿיינט...

באַלטשע

נישט קיין שלעכטע מיידן... דער טאַטעשי איז אַ שלעכטער!..

נחום

לאַכט

אָ, קעצעלע מיינס! אוצרל! איך, אַ שלעכטער? נעמט זי אַרום צון הויל זי קושן

באַלטשע

שטויסט אים אָפּ

ניין, קושן!.. טאַטעשי האָט אַ באָרד, ס'שטעכט!..

מירל

מיט פֿאַרחורף צו באַלטשען

אַ שענעם דרך־ארץ האָסטו פֿאַר דיין טאַטעשי!.. נישט שיין, באַלטשעניו; מוסט אים אָן יסורים.

באַלטשע

חיינט

איך וויל צו מרימלען!.. צו שרהלען!..

נחום

מיט אומגעדולד

איך וויל נישט דו זאָלסט זיך מיט זיי שפּילן, זיי זענען נישט קיין גוטע, זיי טוען דיר שלעכטס...

באַלטשע

זיי טוען נישט שלעכטס...

מירל

א פאַרצווייפלטע

אָבער, קינדישע, אוצר מייגער, האָסט דאָך אַליין דערציילט! האָסט זיך דאָך אַליין באַקלאָגט, אַז זיי פּייניקן דיך?..

באַלטשע

זיך פּיעסטשענדיק

כ'האָב נישט דערציילט!..

מירל

זיי האָבן דיך געשטאָכן מיט נאָדלען! דיך געצוווּנגען צו עסן מער, ווי מען דאַרף! דיך קראַנק געמאַכט!.. דו האָסט אַליין דערציילט...

באַלטשע

זיי האָבן נישט געשטאָכן...

נחום

האַרט

האָסטו געזאָגט ליגענס?..

באַלטשע

ניין... איך בין געווען ברוגז... איך וויל צו מרימלען!.. איך וויל צו שרהלען... חייגט

נחום

*נערוועז*

דערגייט מיט איר אַ טאָלק... זעצט זיך אוועק מיט פּאַרדראָס, און לאָזט הערן אַ פּאָר טיפע זיפצן

מירל

*נאָך אַ קורצער פּויזע*

ווער ווייסט, נחומל, צי מיר זיינען ניט געווען אַביסל צו איי־ בערהייליק מיט די צוויי אָרימע יתומות געבאַך...

נחום

*העזיטיק*

איך ווייס פון גאָרנישט. אַז דו האָסט געטון, מסתמא האָסטו געוווּסט, וואָס דו טוסט..

מירל

*מיט אַ געבראָכן קול*

איך האָב געטון... גלויב מיר, אַז דער קאָפּ איז מיר געווען פאַרדרייט. כ'האָב דערזען דאָס קינד קראַנק, האָב איך גאָר־ ניט געוווּסט, וואָס מיט מיר טוט זיך... הייבט שטיל

נחום

*צו זיך אַליין*

דערגייט מיט זיי אַ טאָלק...

זלאטע

*קומט אַריין*

דער מאַדאַמטשיס ברודער איז געקומען צופאָרן: הער פינקוס.

מירל

*שפּרינגט אויף*

פּינקוס! ווו איז ער? פאַרוואָס קומט ער ניט אַריין? גאָט צליין האָט מיר אים צוגעשיקט! לויפט צו דער טיר

**זלאטע**

קוּמט

**מירל**

פּינקוס! אוי, ווי צופרידן איך בין, וואָס דו ביזט געקומען! איך האָב דיר היינט טאַקע געוואָלט שרייבן.

**פּינקוס**

קומט אַריין. גאַנץ קאַלט

ס׳פּרייט מיך זייער...

**נחום**

שטייט אויף פון אָרט און בלייבט שטיין אומבאַהאָלפן

**מירל**

פאַרוואָס עפּיס אַזוי קאַלט, פּינקוס?!

**נחום**

וואָס איז געשען, שוואָגער? קלערט אונז אויף.

**פּינקוס**

אין זעלבן טאָן

כ׳וועל עס מאַכן בקיצור. איך בין געקומען נעמען צו מיר די צוויי אומגליקלעכע יתומות פון אונזער פאַרשטאָרבענער שוועס־טער. איך בין אַ פּראָסטער אַרבעטער, און האָרעווע מיטן ביטערן שוויס צו פאַרדינען מיין שטיקל ברויט, נאָר מיט וואָס איך וועל קאָנען, וועל איך מיך מיט זיי טיילן. אונזער שוועסטער עליה־השלום, האָט מיט אונז דאָס זעלבע געטון, ווען מיר זיינען געווען קליין...

**מירל**

צווישן מיר און די קינדער איז פאָרגעקומען אַ שטיקל מיס־פאַרשטענדניש, אין וואָס איך בין נישט שולדיק און זיי אפילו אויך נישט...

פּינקוס

איך ווייס אַלץ.

~~נחום~~

מעשה קינדישקייט.

פּינקוס

די מאַמע זאָל לעבן, האָט מיר פון אַלץ גענוי געשריבן. אויך פון שלמהלען האָב איך וועגן דעם אַ לאַנגען בריוו געקריגן. אָרימע יתומות! זייער מאַמע זאָל פון קבר אויפשטיין און זען, ווי זיי ווערן באַהאַנדלט פון אייגן בלוט און פלייש, וואָלט זי אַ צווייט-מאָל געשטאָרבן.

מירל

גלויב מיר, ברודערשי, איך בין זיי נישט קיין שונא. כהאָב תמיד געטראַכט פאַר זיי, אַ תכלית. דאָ איז פאָרגעקומען בלויז אַ מיספערשטענדניש...

פּינקוס

מיספערשטענדניש אַהין, מיספּערשטענדניש אַהער. איך בין אַן אַרבע-טער, אַ פּראָסטער חי-וקים. איך ווייס נישט פון קיין חכמות און פון קיין הינטער-שיסעלעך. ביי מיר — וואָס אויפן לונג איז אויפן צונג. מירל, ביזט פאַרבלענדט! אויס מענטש ביזטו געוואָרן, מירל! אַ שטיק טייג; אַ צאַפּל-מענטשעלע אין די הענט פון דיין זעקס יעריק טעכטערל! ווי זי ציט דאָס שטריקל, אַזוי טאַנצט דו... און לגבי די אומגליקלעכע צוויי יתומות ביזטו גאָר איינגאַנצן אין אַ שטיין פאַרוואַנדלט געוואָרן, אין אַ האַרטן, קאַלטן שטיין. אַ שפּילעכל האָסטו פון זיי געמאַכט פאַר דיין טעכטערל, וואָס דו אַליין האָסט פאַרצויגן, פאַרדאָרבן... געמאַכט פאַר אַ חיה-רעה...— אָבער, וואָס טויגן די איבעריקע טענות: ווו זיינען די צוויי יתומות?

מירל

*זיצט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, ספּנים באַהאַלטן אין אירע הענט, צוגעטוליעט צו איר*

שטייט באַלטשע און קוקט אַ דערשראָקענע אויף פּינקוסן

**נ ח ו ם**

*אומבאַהאָלפן*

די קינדער זיינען ביי דער מומע דבורה. מיר האָבן זיי געהאַט צושיקן זיי צוריקצורופן איידער דו ביזט אָנגעקומען.

**פּ י נ ק ו ס**

*אויפגערעגט*

ביי דער מומע דבורה?! ביי דער אומגליקלעכער אַלמנה, וואָס האָט קוים אַ טאָג איבערצוקומען?! אוי, מירל! מירלע..

**נ ח ו ם**

איך וועל אָנקלונגען, כוועל שיקן זיי רופן...

**פּ י נ ק ו ס**

נישט נויטיק. איך וועל שוין אַליין שיקן. איך האָב אים גאַנצן טומל נאָך אפילו די [illegible] נישט געזען; זי צומאָל נישט באַגריסט אַפּ

**מ י ר ל**

*פּאַלט נחומען אויפן האַלדז און ברעכט אויס אין אַ געוויין*

נחום, נחום, איך האָב מורא, אַז פּינקוס איז געראָכטס: אונזער שוואַכקייט צו באַלטשן האָט אונז ווילד געמאַכט... איבערהויפּט מיך... פאַרגעסן האָב איך מיינע התחייבותן צו מיין פאַרשטאָרבענער שוועסטער און צו אירע אומגליקלעכע יתומות נעבאַך... זי האָט מיך אויפגעצויגן מיט איר שווייס, מיט איר פּראַצע... אָרימע יתומות! ווי איך האָב זיי נעבאַך בחנם געפּייניקט!.. און דער שטאַרקסטער עדות קעגן מיר איז באַלטשע אַליין.

**נ ח ו ם**

טרייסט דיך, קינד, ס'איז נאָך נישט צו שפּעט: דער פעלער קאָן נאָך פאַרבעסערט ווערן. מען וועט פּרוּוון פּועלן ביי פּינקוסן, ער זאָל די מיידלעך אויף ווייטער ביי אונז לאָזן.

באַלטשע

האָט די גאַנצע צײַט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צום געשפּרעך

יאָ, מאַמעשי, זאָלן מרימל און שרהלע דאָ בלײַבן, איך וויל נישט דער בײזער פעטער זאָל זיי צונעמען. זיי וועלן מאַכן אַ קליידעלע פֿאַר מײַן ליאַלקע.

פּינקוס

קומט צוריק. בלײַבט שטיין אויף דער שוועל און רעדט אַרויס אין קאָרידאָר אַרײַן

קומט, קינדערלעך, קומט אַרײַן נחום און מירל בלײַבן חי פאַרשטײנערט

האָט קיין מורא נישט. איך בין מיט אײַך דאָ! מרימל און שרהלע קומען אַרײַן און בלײַבן שטיין אַנגעדרייקט בײַ דער טיר

באַלטשע

זייער באַמערקנדיק

מרימל! שרהלע! אָ, ווי גוט!.. איר זאָלט נישט אַוועקפֿאָרן. מיר וועלן זיך שפּילן, איר וועט מאַכן קליידלעך פֿאַר מײַן ליאַלקע, יאָ, מרימל? יאָ, שרהלע? איר וועט בלײַבן?.. נישט?...

פּינקוס

שטרענג

ניין, באַלטשע, מרימל און שרהלע פֿאָרן מיט מיר. דו ביזט אַ שלעכט קינד; האָסט זיי אָנגעטאָן צרות.

באַלטשע

וויינט

ניין, נישט איך! די מאַמעשי!

פּינקוס

אין זעלבן כּאָן

ווייל דו האָסט זיך אויף זיי באַקלאָגט... דערציילט דער מאַמעשי ליגנס. באַלטשע רוקט זיך אָפּ אַן אַ זײַט און בלײַבט

מירל

באַהערשט זיך

מרימל! שרהלע! באַלטשע איז גערעכט; איך בין די שולדיקע און איך בעט אייך, איר זאָלט מיר מוחל זיין. סאיז אַ פּיצל קינד, און זי דאַרף נישט ליידן פאַר מיינע זינד. טוט איר צו ליב, וואָס זי בעט ביי אייך און בלייבט ביי אונז. שוין דריי טעג, ווי זי הערט נישט אויף יעדן אויגנבליק אייך צו דערמאָנען און צו בעטן, מען זאָל זי צו אייך פירן — בלייבט, קינדערלעך; און טאָמער האָב איך אייך נישט ווילנדיק שלעכט באַהאַנדלט, וועל איך זיך באַמיען פון היינט אָן, אייך אַלץ צו פאַרגיטיקן...

מ ר י ר ל

גערירט

מומעשי... איך ווייס נישט... איך האָב מורא...

מ י ר ל

ווי? מורא? פאַרוואָס דען? באַלטשע זאָל אייך נישט פייניקן? איך וועל דאָס נישט צולאָזן. זי זאָל זיך אויף אייך נישט באַקלאָגן? איך וועל זי נישט האָרכן... איך שווער אייך.

ש ר ה ל ע

מימעשי, מיר ווייסן גאָרנישט, ווי דער פעטער פּינקוס וועט זאָגן. אַזוי וועלן מיר טון

ציט פּינקוסן ביי זער מענטשעלע און הינקט צו אים אויף „ניין“

פּ י נ ק ו ס

בחנם דיין בעטן, מירעלע. דיינע גוטע רייד קומען אַביסל צו שפּעט. דו פאַרשפּרעכסט אַ זאַך, וואָס דו ביזט נישט בכוח מקיים צו זיין. ביזט צו שוואַך אַנטקעגן דיין זעקס־יעריקער טאָכטער. זי הערשט איבער דיר אַצונד און וועט אויך ווייטער איבער דיר הערשן. ניין, שוועסטער, זאָג נישט צו דאָס, וואָס דו ביזט נישט בכוח צו האַלטן.

מ י ר ל

איך שווער דיר, פּינקוס לעב, אַז איך מיין עס גאַנץ ערנסט!

זייער אַוועקפֿאָרן צורייסט מיר דאָס האַרץ. צו די מיידלעך
מרימל קרוין, שרהלע, איך באַשווער אייך, טוט מיר צוליב און
בלייבט! זייט מיר מוחל; מיט טרערן אין די אויגן בעט איך
מיך ביי אייך... ליגט צוזאַמען די הענט אין הייגט

מ י ר ל מרימל

גנרדס
מומעשי... מיר זיינען נישט ברוגז... מיר ווינטשן דער מומעשי קיין
שלעכטס...

ש ו ה ל ע

העבמיק
ווי דער פעטער פינקוס וועט זאָגן, אַזוי וועלן מיר טון; מיר
ווייסן גאָרנישט שטיל צו פינקוסן אים ציטנדיק ביי דער מענארקע זאָל
דער פעטערשי זאָגן — ניין.

קוס
איך בין אַ פראָסטער אַרבעטער און ווייס נישט פון קיין הינ־
טערשיסעלעך. אז איך זאָג אַ וואָרט, איז עס אַ וואָרט. זאָג איך
יאָ — איז יאָ; און זאָג איך ניין — איז ניין. צו די מיידלעך
קינדער מאַכט גרייט אייערע זאַכן: איר פאָרט מיט מיר ביידע
מיידלעך גייען אַפּ

מ י ר ל
סהעלפט אַלזאָ נישט, קיין וויינען אויך. זעצט זיך אַהעק אויף אַ שטול
אַן ערטעפטע און לאָזט הערן אַ סיפֿן זיפֿץ

נ ח ו ם

אומדרייכט
און אפשר, שוואָגער, וועסטו דאָך אַביסל ווייכער. אַ מענטש
איז דאָך קיין מלאך נישט...

פ י נ ק ו ס
מיט דיר וויל איך אינגאַנצן נישט ריידן: ביזט נישט קיין

מאַנסביל, נחום. אַ ייִדענע ביזטו; אַ ווייך־האַרציקע ייִדענע...

**מ י ר ל**

צו באַלטשען

באַלטשעניו קרוין, זעה, כרימל און שרהלע פֿאָרן אַוועק, וועסט זיי שוין מער ניט זען.

**ב אַ ל ט ש ע**

וואַרפֿט זיך אַנידער אויף דער ערד טרייסלט פֿאַר כּעס מיט די פֿיס און שרייט

ניין... איך וויל ניט... זאָלן זיי בלייבן! זאָלן זיי מיט מיר אין פּאַרק אַריין! איך וויל זיך מיט זיי שפּילן! און אויב זיי פֿאָרן אַוועק זיינען זיי שלעכטע מיידן!.. איך וועל צערייסן זייערע ביכער, איך וועל צעשיסן זייערע זאַכן, איך וועל דער ציילן דעם טאַטעשי, וועט ער זיי אַרויסטרייבן אַזוי ווי כּדי און זיי וועלן וויינען, און — שוין!..

**פּ י נ ק ו ס**

וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט די הענט פֿאַרלייגט און זי אויסגעהערט

אַ ליבע נשמה!.. אַ דימאַנטן האַרץ, ממש!.. קאָן מען ניט קריגן חשק צו לעבן תּמיד נעבן אַזאַ מלאך? צו דער קעכער, איראָניש מיין ליב קינד, מרימל און שרהלע וועלן דאָ ניט בלייבן. דיין טאַטעשי וועט זיי מער ניט אַרויסטרייבן, און דו וועסט זיי שוין מער ניט זען וויינען!

**ב אַ ל ט ש ע**

ביזט אַ שלעכטער פעטער! טוט זיך צו אים אַ לאָז און סלאַגט אים

**פּ י נ ק ו ס**

כאַפּט זי, הייבט זי אויף, דערלאַנגט איר אַ דריי—פֿיר פּעטשלעך

נאַ, נאַ, נאַ, אָט האָסטו, וואָס דיר קומט! זעצט זי מיט געוואַלט אַנידער אויף אַ שטול און האַלט איר צו די הענט

**ב אַ ל ט ש ע**

וואַרפֿט זיך און שרייט

מאַמעשי!.. טאַטעשי!..

נ ח ו ם

אומבאהאָלפן, לויפט צו און הילפט זי אויפקלעפען

מ י ר ל

—

כאַפט אָן פינקיסן ביי זייער האַנט

פינקוס, וואָס טוסטו?!

פ י נ ק ו ס

קוקט א ווײַלע אויף זיי ביידע שפּאָכיש, מיט רחמנות און דערלאַנגט מירלען דאָס קינד

פאַרבלענדטע מוטער, דאָ האָסטו דיין טאָכטער... בלייב מיר

געזונט! קערט זיך אָפּ פון איר און ווענדט זיך צו נחימן און דו, נחום,

געדענק. אַ דין וחשבון וועסטו אַמאָל אָפּגעבן פאַר דעם שלעכטס,

וואָס דו טוסט דיין אייגן קינד!..

ב אַ ל ט ש ע

רייסט זיך ארויס ביי דער מוטער און ערייט צו פינקוסן

ביזט אַ שלעכטער פעטער! נעמסט צו מרימלען און שרהלע

איך האָב דיך פיינט, און מרימלען אויך!... און שרהלען אויך!..

איך וועל אייך שלאָגן!.. כאַפט פון דער ערד די ליאַלקע און וואַרפט

פינקוסן נאַ... דו זאָלסט שטאַרבן! און מרימל אויך!.. און שרהלע

אויך!.. און — שוין!..

מ י ר ל

א פאַרצווייפלטע לויפט צו צו באַלטשען און גיט איר עטלעכע פּאַטשלעך איבער די הענט

נאַ, אָט האָסטו.. נאַ!.. נאַ... נאַ... מיט אויפרעגונג צו נחימן נחום,

עס קאָן אַזוי נישט בלייבן! עס טאָר אַזוי נישט בלייבן!.. צו

באַלטשען מיט שטרענגקייט מאַרש פון דאַנען!.. אין זיין צימער גיי!..

ב אַ ל ט ש ע

פאַרזונדערט

פאַרוואָס!

מירל

נערוועז

ווייל איך ווילן. ווייל איך הייס!..

באַלטשע

איך וויל זיין דאָ... איך וויל...

מירל

פּיִטערט מיטן גאַנצן קערפּער

און — איך — וויל — נישט!.. גיי!.. טופּעט מיט די פיס גיי, וואָג

איך!.. שטויסט זי אָפּ פון זיך

נחום

לויפט צו

מירעלע באַרויִק דיך... מירל...

מירל

נחום. נעם זי מיט געוואַלט און טראָג זי אַריין אין איר צימער!..

באַלטשע

וואַרפט זיך אַנידער אויף דער ערד און שריַיט

איך וויל זיין דאָ!.. איך וויל...

נחום

קווענקעלט זיך

מירעלע...

מירל

עס קאָן אַזוי נישט זיין, נחום! עס טאָר אַזוי נישט זיין!..

נחום

נעמט באַלטשען מיט געוואַלט און טראָגט זי אַוועק

באַלטשע

זיך ריַיסנדיק

פאַרוואָס!.. פאַרוואָס!..

**מירל**

*אין געוואַלדיקער אויפרעגונג*

ווייל איך וויל!.. ווייל איך הייס!..

**נחום**

*מיט באַלטשען אָפּ*

**פינקוס**

*וואָס האָט די גאַנצע צייט געקוקט מיט ערנסט*

ענדליך צום שכל געקומען!.. ענדלעך!.. *צו מירלען:* זאָל זיין אַ
גוטער אָנהויב, שוועסטערל!..

**מירל**

*מיט טרערן אין קול*

גאָט, גיב מיר כּח אויף ווייטער!

*פאַלט אָן כּחות*

פאָרהאַנג

